לייב וואַסערמאַן

# שטילע ליכט

(לידער)



מינכען 1949

לייב וואסערמאן

# שטילע ליכט

(לידער)

מינכען 1949

# עס האט א בוים צו מיר גערעדט...

עס האט א בוים צו מיר גערעדט, —
זיין צווייג און בלאַט,
און איך האב אָפּגעענטפערט.

עס איז געווען גאָר ווונדערלעך
דעם פויגל וואָס איז הורך:
וואָס האט א בוים גאָר
מיט א מענטש צו רעדן?... —

נאכדעם האב איך גערעדט
אליין אויך מיטן פויגל,
ווען ער איז ווידער
דורכגעפלויגן,
און כ'האב פארשטאנען אלץ,
וואָס ער האט שטיל
געטרייסלט מיטן קאָפּ, —
זיין מינדסטן פעדער־פלאַטער.

ער האט זיך מער ניט
שוין געחידושט,
וואָס איך באגרייף
זיין יעדן בליק,
און ער פארשטייט
מיין יידיש...

ס'האט אויסגעזען:

איך און בוים און פויגל
געגעגען איינס
צום אנדערן,
און בוים צעשפרייט
די בלעטער איבער מיין קאָפּ,
און פויגל מיט מיינע בליקן
רייסן זיך אינאיינעם פליען
אין בלויסטע אָוונטן
ביז לעצטן הענער־קריי,
כדי נאכדעם קומען
און דערציילן מיר פון דארט..

אויף זייער געבראכטן
אין זייערע ציטערדיק מוי,
זאל איך ארויסלייענען דעם סוד
פון וואקסן און פון בליען,
איך זאל די פרישע טראָפּנס
מיט א לייכטן ריר צענעמען,
און דארט דערזען
דעם זעלטן־סוד,
וואָס קיינער קאָן ניט איינזען,
און דערהערן פון דארט
דאס קול,
וואָס קיינער קאָן ניט הערן... —

ס'זאל מיין זינגען
ווי די גאנצע שטילקייט
זיך פארקלערן,
ווי דער שטומער בוים,
און ווי זיין בלאַט,
ווי דער איינגעהילטער
אין בלויער הייליקייט
נידער פון פארנאכט,
און ווי דער ווייסער נעפל

וואָס גייט
ניט ווייסנדיק וווהין...

איך זאל שטיין
א שטילער
צווישן אלע שטילקייטן
וואָס מורמלען שטום,
און מיין קול
זאל הערן זיך
אין זייער תפילה,
וואָס זינגט אוים
דעם חלום און צער
פון יעדער בליאינג
אין באשאף,
אין דעם שטימן „אמן"
זאָלן נאָכזאָגן
דער בוים און נעפל, —
די גאנצע הויך
אין איבערפלאַך...

עס זאל מיין קול
דאָ אומוואנדערן
צווישן אָוונטן און פריען,
און יעדעם שטיבעלע
און יעדע זאַך
צעגליען
און צעציטערן,
דערנענטערן
און פארברידערן...

אזוי טאָן
זאל איך דאס
אלע־מאָל

אזוי תמיד,
ביז פאר א באשיינגטן
עמוד
וועט עמיצ שטיין
מיר אָפּריכטן א קדיש
אין בין־השמשות שפּעטן, —
אָט דער,
וואָס כ'האב געלערנט גיין,
און אויך מיט פויגלען
רעדן...

# דער שטילער מענטש

.1

דו האסט געזען א שטילן מענטש? —
א מענטש וואס רוקט זיך ביי א זייט
דאס גאנצע לעבן,
וויל קיינעם ניט צו וויסן געבן,
אז ער גייט
און אָטעמט...

און ווען ער באטראכט א סטעזשקע ערד,
דאַן דוכט זיך אים ס'איז פרעמדס,
ער טאר אָט דאָ ניט שטיין
מיט אלעמען צוגלייך,
גלייך ס'איז ניט גאָטס ערד
פאר ארעם און פאר רייך,
פאר בעטלער און פאר פרינצן. —

איך האב געקענט
אַזאַ מין אין מיין לעבן...

ער פלעגט אומגיין
שטענדיק ווי א גנב,
גלייך זיין הארץ,
זיין יעדער גליד
האט ער געגנבעט...

זיין בליק ז'צו שטיל געווען, —

אַט ראס ז'אפשר געווען
זיין גרעסט פארברעכן,
וואָס א סך
ווען ז'וואָלטן עס באמערקט,
וואָלטן אים געגאנגען שלאָגן...

און פונקט ווי ר'וואָלט פארשטאנען דאס
מיט אלע חושים זיינע,
פלעגט ער אומגיין אומבאמערקט, —
מיט טריט מיט זייטיקע פארשווינדן,
און זיך ניט יאָגן
נאך דעם,
וואָס אלע ווילן געפינען...

עס האט ארומגעשוועבט
אין אים אלץ,
וואָס ער האט געהערט נאָך
ביי זיין וויג...

דאס וואָס אלע
האבן שוין לאנג פארגעסן,
האט נאָך געבלאָנדזשעט
אין זיינע אברים,
און אים שטיל געמאכט,
ווי דער פארנאכט
דעם האָריזאָנט...

און מיט א סודותדיקער פרייד
האט ער געשמוגלט
פארבאהאלטן אין זיין בליק
א טרוים,
און מ'ה'ט אין הארץ ביי אים
פארטייעט,

ז'געלעגן אָפּגעהיט
אן הייליקע עשירות:
א ווונדערבאַרע ליבשאפט,
בתחון
און באשיידנקייט...

און ווען עס פלעגט אים
סמוטנע ווערן,
פלעגט ער איילן
אימפּעדיק צו זיי,
און צו זיי זיך דריקן...

און זיי,
ווי שוועסטער שטראלנדיקע
פלעגן אויסקושן זיינע אומעטן,
ביז ער פלעגט ווידער
ארויסוואקסן א לויטערער
און שיינען שמאלץ...

.2

...אַזוי פלעגן זיי שטענדיק
וויינען אין אים
סודותדיק און שטיל,
גלייך אייפגעקליבן ערגעץ לאנג
האט ער זיי,
פון איינעם
און אנדער שטילן
א פארטריבענעם,
וועלכן די וועלט
האט ערגעץ אראָפּגעשליידערט
אין א תהום,
און זיינע אלע
גוטע בליקן.

וואָס ער,
דער איצטיקער,
דער שטילער
האט אויפגעכאַפּט,
מוזן בלייבן
אין געהיים...

ער מאָר זיי ניט ארויסלאָזן
פון זיינע הארץ=און=אויגן=הייַלן,
ווען מענגען מענטשן
רודערן און טומלען
מיט געגארטע ליבלעכקייטן.

זיי קאָנען אָט די פארשטעלעניש
זיך אויסציען ווי געשפּענסטער
און פארשלינגען עפּעס
פון זיין פארמעגן...

איז נאר ביינאכט,
בעת ער קאָן ניט שלאָפן,
דעקט ער אויף זיין הארץ
און ער אנטפּלעקט עס
פאר דער נאכט=שוועבעניש
וואָס פארטריבן האט דעם טומל,
כדי דעם מענטש דערמעגלעכן
אראָפּנידערן צו זיינע ליידן,
אַזוי פּונקט
ווי די שטילקייט נידערט...

.3

איך פלעג פילן
ווי ער איז צו פיל צאַרט און איידל
פאר דעם געשטאלט פון מענטש!

עפּעס אנדערש וואָס
דער איבערשטער געמוזט
האָט וועלן שאַפן,
ווען ער האָט געפּורעמט
אַט דאָס שטיל געשטאַלט...

און ס'האָט אַ סוד אין מיר געגלעפּלט,
אַ שטילער סוד
ווי אַט דער מענטש אַליין,
וועגן זיין באַשאַף,
זיין עקזיסטענץ,
און וועגן דעם אייבערשטנס באַגער
אַראָפּשיקן אים אין מענטשנס געשטאַלט,
אים,
וואָס האָט געדאַרפט זיין עפּעס אנדערש...

# איך האָב געמיינט...

איך האָב געמיינט אין מיין פאַרוואַרפעניש
ווי כ'בין געווען
אַז ס'איז חרובֿ שוין די וועלט
פון עק ביז עק,
אַז היעם געוואַקסן בוימער־בלי'
כ'וועל מער ניט זען,
אַז יעדער גאָרטן,
יעדער פעלד
איז אָפּגעמעקט...

אַז ס'האָט די וואָלקעניש פון בלוט און פלאַם,
פאַרמדבר'ט גאָטס אייביקייט
ווי כ'וועל ניט קומען,
אַז דער ים,
דער וואַסער־קעניג
ז'פול מיט סם,
און שטאַרבן וועלן
ביים ערשטן ווידער־שפּראָץ
די בלומען... —

איז אַלץ געשען פאַרקערט,
ווי ס'געשעט פאַרקערט דאָס גאַנצע לעבן;
ווי איבערגעקערט ווערט אַ פּענעץ גליק
אַמאָל געגעבן
ווי איבערגעקערט עס רוישט אַ פליגל
און קאָן ניט שוועבן... — — —

עס בליט דאך אלץ!
סיי דאס פעלד
און סיי די בוימער,
און ווידער ברויקט און קוועלט
דער גאָרניט שפּירנדיקער ים; —
קיין זאך געדענקט ניט גאָרניט!

סע שוועבן ניט גרויל־מיראזשן
פאר די בלומען,
ס'גייען ניט אויף קיין בלוט־טראָפּנס
פאר די בליקן פון די בוימער,
ס'שיט דער ווינט קיין אַש ניט
אויף זייערע גרינע קרוינען,
ווי ס'וואָלט א ריזיקער פארצוימער
פון אלץ פארששעלט זייערע רוימען!

ס'איז גארניט איינגעשרומפּען,
איינגעבויגן,
קיין גראָז ניט איינגעקרעמפּט,
קיין בלום ניט איינגעצויגן, —
נאר זיי, נאר זיי!
די צעטומלטע, צעבליקטע אויגן,
זיי בלאנקען ווי א דורכגעשאָסענער
רעגנבויגן,
מיט שטיקלעך וונדער־פארב,
מיט שטיקלעך גליענדע אָסקאָלקעס,
און פלאָנטערן זיך צווישן נאַכט און וואָלקנס,
ווי נ'א פארהדרייטער ראָד.

ס'האט גאט
אריינגעשפּאַרט אין זיי
דעם גאנצן צער, —
ניט אין זיינע פעלדער,

ניט אין בלומען, —
און אפשר גאָר
האבן זיי דעם צער
אליין ארויסגעזויגן, —
געקראָכן אונטער אלע גרינע
אָפּגעהאַקטע סטויגן,
און אונטער שפּראָצנדיקע זאָמען,
וואָס לוסטיק זייגען די פעלדער
איצט דערפאר? ...

און ווער גאר דען
דעם צער זאל טראָגן
אויב ניט די אויגן ? ! —

דאס גראָז וואָס בליט
צום ארט נאר צוגעשמידט?
דער פויגל, וואָס אָט שטייט ער, —
אָט אוועקגעפלויגן ? ... —

ווער גאר דען,
אויב ניט די איינגעקלאמערטע אין אלץ
צוויי מענטשן-אויגן,
וואָס דער שטראל און בלום
די פויגלשע צוויי פליגל
אייביקן אין זייגע טיפן
ווי נ'א שפּיגל?...

יאָ! זאלן די גראָזן און די בלומען,
די גאנצע וועלט און גאט אליין
מקנא זיין די צוויי פארטרערטע
אויגן,
וואָס זאפּן אויס דעם גאנצן צער
פון די ארומען,
פון אלץ וואָס איז פארשרומפּען

און געבויגן,
פון טיפענישן לאָמע, קרומע,
מיט דער שטומער שטארקייט
פון דער נשמה!

און ס'האָט געהערט די בלוי,
און ביידע
האָבן זיך מצער געווען
אויף זיינע גלוסטן, —
א הויכער באַרג
זאָל ער אַרויסוואַקסן! —

פון אַלץ
וואָס אייביקט
אין די טיפסטע בלויענישן,
זאָל ער אומאויפהערלעך
פאַרבאַהאַלטן אין זיינע בליקן,
און אין זיינע גלידער
די צעוואַקסענע,
סיי ווען ס'קומט באַגינען,
סיי ווען ס'פאַלט די נאַכט...

און ס'ווייסט דער באַרג:
ווען די בענקשאַפט
פון דער בלוי
פאַרבאַהאַלט זיך
פון דער ערד,
און וויל בכיוון
אויף אירע פלאַכן
ניט אַרומשוועבן,
ווען זי דריינגט דאָן ניט
אין ערגעץ,
בלויז אפשר
אין די פליגל פון א פויגל,
קומט זי דאָך צו אים,
און שוועבט איבער אים
אַן אומעטיקע און זויבערע...

# ביי לעצטער שקיעהפארב

איך בין געשטאנען און פארנאכט
אויף דער גיט־פארשטעלטער רחבות לעם א פעלד,
און געקוקט אין די מינוטן לעצטע
ווי אָט פארגייט די שקיעה...

ווי ס'וואָלט זיך אָפגערוקט פון מיין אויג די וועלט,
און איבערגעלאָזט בלויז א פיצל ווינקל,
אזוי האט זיך מיין בליק געפינען
ביים אומדערגרייכטן שקיעה־ראנד,
וווּ געפלען האבן זיך פארשלעפט
און געחלומט...

די לעצטע פארבן
האט די שקיעה
ווי פון זיך אראָפגעגעבן,
און זיי פארוועבט אין געפלען,
וואָס האבן זיך געוואָלט ווי אויפלייזן
מיט די לעצטע שקיעה־ציטערס...

ווי איינס
האבן זיך צונויפגעקלאמערט
דער חלום פון א נעפל
מיטן אומעט פון דער שקיעה,
און געציטערט האט
די אומשקיעהדיקע
נאָגעניש
פון איינס
צום אנדערן...

ווי טונקלענישן
וואָס טראָגן סודותדיקן זין
אין זייער טראַכט,
האבן אומגעשוועבט די געפלען
אין זיך געטובלט שטיל
אין יעדן ראזן פלעק...

א שטילע וועלט
געשטומט האט פראכטיק
אין פארשרומפטן ווינקל
פונם הימל...

מיין בליק ז'געשטיגן
און גענידערט,
שטיל געוועזן
און געפלאַטערט,
און זיך איינגעשטאכן אין עפעס
און אלעמאָל ארויס צוריק...

איין דינסטער
זילב בלויז
פון א קלאנג,
געקאנט וואָלט אָנמאכן
מיט זיין שארף
א מין דערווייטער
פאר די ניט-געוויינטע
צו קיין וואָרט-קלאנג
זעאונגען...

פאר א פויגל-טרעל אפילו
וואָלט די פראכט
א שוועב געטאָן
ווי טיף,
כדי ניט נכשל ווערן...

די ווייטסטע פארבן
האבן דין און טונקל
אין מיר אריינגעווייט,
און אין דער מינוט,
זעט אים,
האבן אלע זאכן אנדערע
ארויסגעטראטן פון מיין גוף,
און איך בין ריין
און גראם געוואָרן
פאר אט דער לעצטער פארב
וואָס האט געאיילט צו נאכט
פארשווינדן...

# גייסטער

איך גיי ארוים
אין פארנאכט
איין אליין
אין מיין פארטראכטער
בלאָנדזשעניש...

ס'הויבט אָן פאלן
די בלוי איבער מיר
פון אלע זייטן,
ווי פלאכעס
קאלטער שניי,
און דא און דארט
גייען ארוים פאר מיר
זיך טרייסלענדיקע
אום פרילינג
פאר קעלט,
אויסגעבלאסטע
מענער...

זיי בליקן ערגעץ
אין ווינקלען,
וווּ זיי האבן געבלאנקעט
אין זייער אמאָליקן
לעבן...

אין די טונקלסטע רגעס
פון פארנאכט

ווערן זיי פיל
ארום מיר,
און ווען ס'ווערט פינצטער
נעמען זיי ארויס
זייערע ריזיקע לאמטערנעס
און ס'ווערט מוראדיק ליכטיק...

איך קוק זיך איין
אין די לאמטערנעס
און זע,
ווי אין מאנכע ווינקלען
הענגען
נאָך אָפּגעפּאלענע שטערנער,
וואָס מ'האט געוואָרפן
אין זיי...

איך דריי זיך
לעם זיי נענטער,
און מיר דוכט
ווי איך קען זיי אלע...

שטום אזוי,
הער איך,
ווי זיי רופן מיר,
רופן מיר
צו זיך,
איך זאל איינברעכן
אין מיטן
מיין לעבן...

זיי זעצן זיך
אויף די שטרעקעס
אוועק,
לעשן אויס

די לאַמטערנעס,
און לייגען פאַר מיר
עפּעס אַ נייַ ווערק,
וואָס עמעצער
פון זיי,
האָט פאַרפאַסט שוין
נאָך זיין לעבן...

און כ'הער
אַ קורצע סטראָפע,
וואָס גייט מיר נאָך
ביז דער שפּעטער נאַכט:

„נאָך אַלס קינד
וואָלסטו שטאַרבן
באַדאַרפט!“

# איך וועל צופאלן צו א בוים...

איך וועל צופאלן צו א בוים
פאר מיין טויט
און אים ארומנעמען
א פארפאלגטער...

איך וועל וועלן אריינקריכן
אין זיין גרין געדער
כדי לעבן אויך
א לענגער לעבן...

ס'וועט שאקלען טרויערדיק
דער בוים מיט זיינע בלעטער,
און די וועלט
וואָס ארום
וועט קוקן
אויף מיין איינגעבראָכענעם גוף,
וואָס האט צעצויגן זיינע הענט
און א בוים ארומגענומען...

און א נעפל
וועט אפשר
אין דער טיפער אומענדלעכקייט
א בעט טאָן פאר מיין לעבן
און בלייבן אָפּגעזאָגט...

און ווען איך וועל אָפּלאָזן
די הענט פון בוים

אין אָנמאכט,
וועט דער בוים אינעווייניק
א ציטער טאָן,
און דער ציטער
וועט אוועקשלייכן
צו די טרויערן
אין דער נאכט־געדעכטעניש — — —

וועל איך וויסן:
קיין רחמים
אויף מיין לעבן איז נישטאָ,
אבער א ציטער
איז יאָ פאראן !...

# צווישן טאג און נאכט

פארנאכט, כאָטש ס׳איז טונקעלער,
ווערט אלסדינג אויסגעשיילטער,
אויסגעקלארטער פארן אויג,
און יעדע זאך באזונדער
שלייכט ארויס אפשר
די פארב די ריכטיקסטע פון זיך...

אזוי געשעט עס צווישן טאג און נאכט,
ווען אויף מינוטן
ווערט באזייטיקט די השפעה
איבער בלום און בוים,
וואס עס צעשפרייט
דער באגינען
און די נאכט...

און פונקט ווי אלעם
צווישן טאג און נאכט,
אזוי אויך איך
צווישן טויט און לעבן
ווער צעגלידערטער
און קלארער,
און ס׳קומט פון מיר ארויס
וואָס ס׳האט קיינמאל ניט
געזען דער שטראל,
און די נאכט
אודאי ניט...

# אז ס'גייט אוועק פון מיר א רגה...

אַז ס'גייט אוועק פון מיר א רגע, —
צי ווייס איך?...
און צ'ווייס איך
אַלעמאָל אפילו,
ווען ס'פארשווינדט א שעה?...

ס'איז מעגלעך אויך,
אז ס'ווייסט דאס ניט
דער פארהוילנסטער געשוועב
אין מיין נשמה,
אַז קיינער
און קיין זאך
באמערקט ניט
ווי ס'גליטשט א רעגע
זיך אוועק...

אויך פונקט ווען כ'לאך
פארגייט זי
אונטער מיין געלעכטער,
זי פליט אָפּ
פון אונטער
מיין ציפּראַלטן לעבנס-דאך
און אויף מיינע ליפּן בלייבט
א בלינדער לאך,
אז אומזין-שמייכל,
וואָס שוועבט

דעם לופט־חלל
דערגרייכן...

אזוי בין איך באשאפן
פרייערדיק און לעבערלעך
אין מיין פארטרויטער
גרויסקייט...

זי ווערט ניט פון מיר
דעם קורץ־דויערנדיקן באשאף
באדויערט,
ווי ז'ווערט ניט
באדויערט
פון דער אייביקייט...

עס האט זיך קיינער
ניט פארקוקט נאך
אויף דער אוועקשווינדנדיקער
רגע,
אזוי כאטש
ווי אין רעגן
שניידט זיך דורך
דער בליק אמאל
ביז ער זעט
די טראפנס
אפגעטיילטע...

א אומבאמערקטער
שפילער לעבן!
נאך דינער פיל
פון שטויבן
וואס איך קאן
אין זע
צעשטייבטע זיך... —

צי הייסט עס
טריישאפט
צו דער פארשפילטער
לעבנס־גלוסטונג,
וואָס פארשווינדסט
צעדריבלט ־ אומבאמערקט?...

צי איז דאס
דער סוד
פון דעם געגאר,
וואָס פארבייטן זאל
דעם רחמים,
ווייל „רחמים"
האב איך אליין אויסגעטראכט
און אָנגעשריבן?! —

ווי ס'זאל ניט זיין,
בויערט הורך מיין טרויער
דעם טויט־גרייטנדיקן וואנדער,
און כ'גיי ארונטער
אונטער דער רגע
וואָס איז נאך דאָ,
ווי אונטער א באלד
פארשווינדנדיקן הימל
און שרייב
אָט די טרויער־טריפנדיקע
שורות!

# דער דיכטער זינגט פון ליבע...

— איך האב דערהערט
דער דיכטער זינגט פון ליבע,
בין איך געגאנגען שטיל
מיט א דערפרייטן דורשט
צום דיכטערס הויז...

אריין בין איך
ניט מיד,
ניט שטויביק
פון מיין לאנגן וועג,
און כ׳האב געוואָלט
דעם צארטן זינגער זען,
וואָס כ׳האב זיין קול
געהערט
פון ווייט...

און ס׳איז ארויס פאר מיר
א מאן
מיט כמורנע קליינע אויגן,
און מיט צוויי גראבע בליקן
האט ער מיר באקוקט
און מיר אפילו
ניט געבעטן
זיצן...

קאלט געשוויגן האט ער,

ווען כ'האָב פאַרטרוימט
גערעדט צו אים...

אָפּגעטראָטן
האָט ער פון מיר
מיט אַזאַ טראָט
געראַטענעם
אין אַלע אָפּשטויסנדיקע
טריט,
און אַ אומצופרידעניש
געשטויבט האָט
פון זיינע בליקן
אויף מיין רייגעם
חלום...

אַרויסגעשאָקלט
האָט זיך קוים מיין גוף
פון דיכטערס הויז,
און גאָרניט, —
בלויז אַ שטיקל
מידער וואַקל
בין איך געגיין
פון דיכטער קריק
אין וועג,
וואָס איז געווען שוין
ערגעצלאָז...

# אזוי בין איך געווארי...

איך האב צוגענומען
דעם הימלס צארטקייט
און צעגים זי
ערגעץ אנדערש־וווּ...

פארנומען שטענדיק,
ניט א בליק צו טאָן
אויף מיינע טאָג־באדערפעניש,
שווינד איך אום פארטראגן
אין מיין זעלבסט־פארצווייבערנדיקער
אויסקומעניש...

איך האב ניט
וואָס צו טאָן
אויף וועלטס צערעשטע אינדרזלען,
און פון צעשמייכלטע,
צעלוסטיקטע חדרים
האט נאך מיין פּום
די שוועל ניט אָנגעטאַפּט...

איך האב אין זיך איינגעזאפּט
די פארב פון נעפּלען
און מענטשן
מער דערקענען מיך ניט...

בארימט בלויז כ'בין געוואָרן
צווישן ווינקלדיקע שטילקייטן,
און א שטויב א גאלדיקער
דערקענט מיר שוין אין געזיכט...



איך וועל זיך געזעגענען
מיט אלע בוימער
און א פארנאכט
א פלוצומדיקן...

צו אלע פעלדער
וועלן שטום אריבערשרייען
מיינע אומעטיקע בליקן...

אויפשטעלן וועלן זיך
פון אלע וועגן
מיינע טעג,
און די ניט־געלעבטקייט
וועט די ערד הערזען...

און אויב ס'וועט אויסגיין ערגעץ
אין א וואלד א לייב,
וועל איך זיך איינהערן
אין זיין לעצטן געבריל,
און מיט אים גלייך
אין טויט פארזינקען...



ס'ווערט פארצימערט
דער חשך אומעטום,
ווען ער זעט
ארויסגיין
די פינצטערניש
פון מיין שטומען געמיט...

די נאך שווינדיקע רגעס
פון מיין זיין
בלייבן שטיין,
ווען די אָפּלייקענונג,
וואָס שפּרייזט
אויף יעדער ראנד,
קומט אריין אין מיר
און פארלייקנט
מיין ליד...

# בלויז דער טויט...

בלויז דער טויט
גייט אין בירגערליכן שטאלץ
פאר מיר אום,
און פארווישט
אלע זעאונגען...

שטיל, —
אויסער אלעמענס טריט,
ניזערט אראָפּ
מיין לעצטער וועג...

בלויז קלאנגען
פון ליד,
אין דער ספערע פון טויט
שלייכן זיך נאך מיין לויה...

ווי אין חלל'ן
בלאָנדזשעט אין מיינע אויערן
דער קלאנג,
וואָס די רגע פון געבורט
האט אריינגעקלונגען... —

כ'הער ניט
אין ערגעץ
די געזאָלטע ליד
פון מיין לעבן!



אלץ האָט מיר פאַראַטן,
חוץ די בלוי
אין דער ליער פון אַ ווייט,
ווו די פלאַכן
באַטרעט נאָר
דער ווינט...

ווען כ'קאָן
פון די חלל'ן
שעפּן די טויבקייט
און מיט איר
זיך אַרומ'ים'ען !...

ווען כ'קאָן
אַן אָנבּרעגיקע
טיפעניש
ווערן — — —

# א לעצטן מאל...

א לעצטן מאל האט ער נאך
אומבאמערקט
דא דורכגעשפרייזט...

גרינקייטן,
ווי אין דער קינדהייט
האבן געחלומט
אויף די ביימער
אָן אים...

דער הימל האט געבלויט
איבער דער גארער ערד,
און ער איז
מער ניט געווען דערביי...

— — — — — — — — — — — —

איינזאם
האט א וואסער ערגעץ
געבענקט איין אליין,
און זיינע יונגנטלעכע טריט,
איינגעטריקנטע אינם זאמד,
האבן געשוויגן
ביי די ברעגן...

# כ׳קום איין אליין...

כ׳קום איין אליין
צו דעם טייך,
און איך שטיי
ווען דער נעפּל
צערט אוים
זיינע וועלן...

כ׳זעץ זיך
צו פוסנס ביים שטיין
וואָס איז שטום
פון בראשית,
און חלומדיק־לאנג
איך באוואונדער
זיין שווייגן...

# נעמט מיך צו פון דאנענד!

נעמט מיך צו פון דאנענד!
צו פיל כוואַליעט אין מיר די ריינקייט
וואָס כ'האב זי ערגעץ אויסגעקושט
פון בערג און בוימער-שפּיצן... —

פון בלויע נעכט
ווו כ'האב געבלאָנקעט
א פארבאהאלטענער,
ס'זאל קיינער ניט איינזען
ווי כ'קוש די בלוי,
און מיך ניט האלטן פאר א משוגענעם...

נעמט צענעמט
מיינע זעאונגען
און איר וועט זען:
א פארטראכטע וועלט בין איך! —

ניט אזא, —
ווי ווען מען גייט פון וועג אראָפּ,
נאר אזא,
וואָס ווען מען גייט
פון לעבן אוועק:
ווען די נשמה
ווערט קלאר און בענקענדיק,
און דער בליק
ווערט צארט און טרויעריק...

# וואס זאל איך טאן?

וואָס זאל איך טאָן?
דאס הארץ שוין ציט
ביי קיינעם ניט געפרעגט
צום אומבאלויגטן לעבן...

אזא פארטויבטע
ווירקלעכקייט
פון גארניט דארפן...

ס'איז דאָ עפּעס אין מיר
וואָס דאַרף ניט
מיינע דאַרפעכצן,
און ברענגט מיך ערגעץ
אַלעמאָל,
ווו איך באַזעץ זיך
אַן אומבאמערקטער
פון אלע רודפדיקע
תכלית'ן...

# נעמט מיך צו פון דאנענד!

נעמט מיך צו פון דאנענד!
צו פיל כוואַליעס אין מיר די רײנקייט
וואָס כ'האב זי ערגעץ אויסגעקושט
פון בערג און בוימער־שפּיצן... —

פון בלויע נעכט
ווו כ'האב געבלאָנקעט
א פארבאהאלטענער,
ס'זאל קיינער ניט איינזען
ווי כ'קוש די בלוי,
און מיך ניט האלטן פאר א משוגענעם...

נעמט צענעמט
מיינע זעאונגען
און איר וועט זען:
א פארטראכטע וועלט בין איך! —

ניט אזא, —
ווי ווען מען גייט פון וועג אראָפּ,
נאר אזא,
וואָס ווען מען גייט
פון לעבן אוועק:
ווען די נשמה
ווערט קלאר און בענקענדיק,
און דער בליק
ווערט צאַרט און טרויעריק...

# וואס זאל איך טאן?

וואָס זאל איך טאָן?
דאס הארץ שוין ציט
ביי קיינעם ניט געפרעגט
צום אומבאלויינטן לעבן...

אזא פארטויבטע
ווירקלעכקייט
פון גארניט דארפן...

ס'איז דאָ יעפּעם אין מיר
וואָס דאַרף ניט
מיינע דאַרפעכצן,
און ברענגט מיך ערגעץ
אַלעמאָל,
ווו איך באַזעץ זיך
אַן אומבאמערקטער
פון אלע רודפדיקע
תכלית'ן...

# ס'פאַרמאַניעז דיר אָפּט בליקן

ס'פאַרמאַניעז דיר אָפּט בליקן
וואָס זיינען פּינקט ווי דיינע,
ביז דו זעסט אין זיי ניט
בעכערס לייִדיקע...

אז עמעץ טרוימט א רגע,
ווערסטו ציטערדיק בארוישט...

נויגסט זיך ניט
קיינמאָל
אויספּרובירן אויפן פייער
א צעשמאָלצן שמייכעלע...

קוקסט בלינד באהארצט
ווי ס'פלוסטערט זיך,
און טרינקסט זיך אָן
מיט גוטסקייטן
ניט געשטויגענע
וואָס ברעכסט פון זיי
און חלושסט ביטער...

ווי א פאַרפירטער
אַלקאָהאָליק
קלייבסטו דאָ ניט איבער,
אבי נאָר
דו דערהערסט
דעם אויסגעדוכטן ריח...

כ'ווייס דו ביסט ניט שולדיק,
דו פארבלענדטער,
לײידנדיקער לעכצער!...

בענקסט אזא מין צארטער,
אזא אמתדיקער
נאך די קוואַלן
וואָס ס'חלומט אויס
די איינגעפלײשטע
אין דײן וועזן
ליבע...

...פארגעסט אָפט,
און דארפסט אמערסטן
נעבן חלום זיין,
און פאַרבליקסט
צו בליקן אומקריכנדיקע
ארום דײן שטילקייט,
וואָס זיינען ניט אליין
דורך זייער דורשט געקומען,
נאר פון א שפיל פון ווינט
פארשארט געוואָרן...



אָ גאָט,
דו וואָס האסט
מיר געמאכט
פאר א שטומן
ניט פארשוויינער,
בענטש מיר כאָטש
ס'זאָלן מיינע אברים
ניט צעפלאַצט ווערן!

# א פארסודעטע און שטילע...

.1

א פארסודעטע און שטילע
איז מיין איינזאמקייט... —

א פארוקטער וואסער
פול מיט פעלדזן
ארומגעוואָקסן,
פליסט זי גאר אין זיך
אונטער איר שטיינערדיקער
גרויקייט...

גיי אראָפּ
צו אָט די הויך
געהאר'מטע פעלדזן,
וואָס האבן טויב
דאס שטילע וואסער
איינגעשלאסן...

קיין וועג
וועסטו באלד זען
ז' אהין ניטאָ...

בלויז פארטראכטקייט
ווי ס'איז דאס וואסער
נאר אליין,
קאן דיך אפשר

אהין
אריבערברענגען...

.2

זאמל דיין פארטראכטקייט
אומעטום
ווו ד׳ האָסט
פארלאָזן זי...

אלע לוסטן
זיינען צעריננען,
און די אָזערע
אין די פעלדזן־ווענט
שטייט אליין נאך...

איינזאם הייגט,
און איינזאַם שפעטער
וועט זי שטיין נאך,
און אלע ווילדע בלענדער
איבעראָטעמען,
איבערשטומען...

# האסט זיך אויסגעבויט...

האסט זיך אויסגעבויט
א קליינע שייב צו גאָט,
און ווענדסט דיין בליק אהין,
ווען ס'לעבט דער אומעט
ווי א ווינט דיך שליידערן...

און אויב עס הויזקט
עמעצער גייציק
איבער דיר,
און באגלייט
מיט זיין „זאַבלעבער„
פאראכטונג
דיין אליינקייט,
גייסטו אים פארביי
מיט דיינע שטארקע בליקן,
וואָס קיינער
קאן זיי ניט אַנטשטעכטיקן
און זייער פעלדזנדיקער
סודותדיקייט...

# אויפן ניט געשטילטן פלאַטער...

אויפן ניט געשטילטן פלאַטער
פון מיין טרער,
פון אנפאנג טאג
ביז מיטן נאכט,
האט עפעס וואָס
א בלענד געטאָן,
וואָס איז געווען
ווי פאר מיין טרער
א טרייסטונג
און מיר געזאגט:

איך בין אין ערגעץ
ניט פאראן,
און ניט געווען
בין איך,
צו וואָס דיין טרער
מ'געריפן...

ס'ניט געוועזן
פאר דיין טרער
קיין טרייסט-געשטאלט...

דו האסט מיך אויסגעטראכט
און מיך ארויסגעבראכט
לעם זיך;
און אָט בין איך איצט דאָ,
און בלייב דאָ צוגעשמידט

צו דיין בליק,
ביז וואנען
ס'וועט דיין טרער
ניט אויסדרעמפן...

דו ווייסט אליין ניט
פון מיין ניט זיין,
און פאלגסט דיין טרער,
וואָס ווייסט אויך ניט,
אז ז'איז פארחלומט...

זי חלומט אוים מיר
איין אליין פון זיך,
פון איר א אייגן פלאטער,
און מיינט,
אז עמעצער האט מיר
פאר איר באשאפן... —

חלום מיך אוים מער! —
האט מיר די טרייסטינג
פון מיין טרער
געזאגט. —

איך בין געוואָרן
קראַנק פאר דיר,
און ווען דו פורעמסט מיך ניט
וועד איך איינגעשרומפען,
ווייל ס'איז קיינער
חוץ דיר פאראן
אין אלע הויכן,
וואָס זאל א צעל
צו מיין א ישטיקל פורעם
צוגעבן...

אלץ שווייגט
און שטומט,
און בלויז די איינער
חלומסט דרייסט
אין דער פארגרויטער
אייביקייט!

# פארשניידנדיק מיינע בליקן...

פארשניידנדיק מיינע בליקן אינם הימל
איוף א ווינקל ערד, ווו קיינער איז ניט געווען
חוץ צוויי דריי בוימער,
א שטיקל אויסגעלייזיקט פעלד
און ביים האריזאנט א בערגל,
האב איך דערהערט א קול
ווי א שארפער גלעט
פון וועלכן ס'איז א תענוג
אפילו צעוואונדיקט ווערן!...

— וואָס איז די גרעסטע שיינקייט, זאג, —
האט בלוי דאס הויכקייט־קול
א זינק געטאָן אין מיין הארץ.

— דער וואַנדער־בליק
פארפלייצט און בענקעניש, —
האב איך געענטפערט.

— איז דער הימל דען ניט שענער?! —
האט ס'קול ווי פארגעזעצט
שוין עטוואָס שטרענגער און באליידיקט.

— ניין! —
האב איך געענטפערט
ווי פארכישופט פון זיך אליין. —

מיין בליק

וואָס הויבט זיך אויף ווי איצט,
ווען קיינער איז נישטאָ,
פארשווענט אין זיינע טיפן
און ברענגט אהין
דעם פּירעם אריין,
וואָס ציטערט צאַרט
און ליכטיק־זונבנדיק...

איך האב די דרייסט
דעם הימל צו דערווידערן
און אים ניט אָפּגעבן די בכורה
פון שיינקייט,
ווי כ'טראָג א גלייכן חלק! —

אזוי האט זיך געדוכט מיר
ווי איך רעד,
און ס'האט דער הימל
זיך א קער אָפּגעטאָן
פון מיין בליק, —
פריער, ווי באליידיקט,
און ווי מיט א ביסל בלויער גאוה,
און נאכדעם, —
ווען ס'האט א שפּיגלדיקע טרער
מיין בליק ארומגעקוואלט,
און ס'האט מיין אויג
געקוקט אויף אים
מיט צארטקייט אומשולדיקער,
האט זיין בלוי
א פאל געטאָן איבער מיר
א שווייגנדיקע
און פארטראכטע...

און ניט קיין הימל האב איך געזען!
ניט קיין בלויע ריזעניש,

וואָס האט זיך צעוועלטיקט
איבער מיין קאָפּ,
נאר א פארבענקטן פורעם,
וואָס איך באשטיי
פון אלע זעלבעניש ווי ער,
פון אלע שטילסטע טראכטעניש
און ווארטעניש...

# ווען כ'האב צעטרוימט זיך פיבערדיק...

ווען כ'האב צעטרוימט זיך
פיבערדיק,
מיט אלע כישופדיקע מעלות
פון א טרוים,
האט זיך דער טרוים צו מיר
ווי קיינמאל ניט
א קער אויס געטאָן,
און די שטאָלצקייט
פון מיינע אויגן,
ווי מען רייסט א קרוין
א רים געטאָן...

פארטונקלט
און צעפיצלט
האט געפויזעט נעבן מיר
מיין פלאַטער,
און כ'האב דערהערט
ווי פון א שווונג
א צוריק־געשטויסענעם,
האט דער טרוים צו מיר
קוים אויסגערעדט:

וואָס טויג ער דיר
מיין צויבערדיקער וואנגל,
וואָס האסטו
פון מיין כישופדיקן מאכטלאז,
וואָס האט נאך קיינמאל

קיין פארגרינגערונג
ניט אראָפּגעבראכט...

אלץ,
וואָס ריזיקט פון מיר ארויס
בלייבט שטעקן בלויז
אין מיין טראכט...

א ריז מיט שוואכע פיס
בלייבט אלץ,
און קאן ניט
פון מיין טרוימען־טראכט
זיך באפרייען...

אויב ווילסט
אז שטענדיק זאָל
מיין ליכטיקייט
אין טראכט בלויז זיין, —
דריננ ווייטער
אין דער באָדנלאזער ספערע,
און פאר די יורשים דיינע
אומגליקלעכע,
וואָס קאנען ניט
פאר זיך יעדערער
מיר אין טראכט צעליכטיקן, —
וועט דיין זשמעניע ליכט
פארבלייבן בלויז
ווי גרויל!

# ווי דו וואָלסט זיך אפּגעלאָזט...

ווי דו וואָלסט זיך אָפּגעלאָזט
גאָט,
פון דיין גאַנצן באַשאַף
אַזוי גייט מיר אַלץ נאָך
אין שטומער פאַרצווייפלונג...

אין מיין קליינעם בליק
כ׳מוז אַריינגעמען
דיינע אומענדלעכע חלל׳ן,
ביז דאָרט,
ווערן זיי באַהויכט
מיט מיין גופיקער
האָפענונג...

# אין א שטילער נאכט...

א שטילע שטערן-נאכט
האט זיך צעשפרייט
איבער דופטיקע
באגראָזטע
שטחים...

בוימער, עטוואס טונקל
שטייען געהייליקט
אין לבנה'דיקן שאָטן...

א תפילה
ציטערט ארויס
פון מיינע בליקן,
און כ'שטיי
ווי א זעאונג
פון מענטש-געשטאלט,
וואָס די שטילקייט בלויז
האט אויסגעטרוימט...

# בלאָס איז אַרויס די לבנה...

בלאָס איז אַרויס
די לבנה
איבער די בערג...

יעדער גראָז
וואָס אין טאָל
קוקט אַריבער
די בארג־שפּיצן
צום בלאַסן וואַנדערער...

ס'גיסט זיך
ווי האַפענונג
זיין זילבער אין טאָל,
און שאָטנס
פון אַלע ווינקלען
פאַרקלייבן זיך
אין דער שפּע,
און טרינקען
ווי די רינדער
ביים וואַסער...

# יעדע באלײדיקונג...

יעדע באלײדיקונג
נאגט אים פון מיר
די נאכט...

פון מיינע בליקן
גלעט זי אים דעם צאָרן
און בלויז דעם צער
לאזט זי איבער...

איך ווער פונקט
ווי דער שאָטן פון בוים,
וואָס ווייסט נאר
אוועקפאַלן
אויף דער ערד,
און אים אָפּשפּיגלען טונקל
מיט זיינע אלע בלעטער...

# צוויי

צוויי זיינען זיי געגאַנגען צו דער וועלט,
און פון זייער געבורטיקן גיין ניט געוווּסט;
צוויי זיינען זיי געקומען
פון עמעצנס באַנאַכטיקן גלוסט...

זיינען די צוויי שנעל אַרויף
אויף אַ וועג,
און דערזען דאָרט
ווי גרוים אויף דער ערד עפּעס שטראָמט,
און באַגריפן
אַז דאָס רופט מען —
וואַסער...

און נעבן וואַסער
האָבן זיי דערזען
שלאַנקייטן,
מיט צעגרינטע
און צעשויבערטע קעפּ,
וואָס ס'איז טונקל
אין זייער שטילער געדעכטעניש; —
האָבן זיי ווידער באַגריפן,
אַז דאָס אַנדערע רופט מען —
וואַלד...

האָבן זיי ווי פּליטערלעך
צווישן וואַסער און וואַלד־וועג
געטראָטן,
און געשווינדיק אַרויסגעשפּראָצט
העכער...

ארומגעקוקט
האבן זיי זיך ביידע, —
ער און זי,
און זיך אנגעהויבן
באגרייפן אנדערשער...

אָנגעהויבן
האבן די בליקן
מער קוועלן
איינס צום אנדערן,
און צעשיינט
אוועקגעידערן
אויפן זויבערן
וואַסער...

אויף די ביימער
האבן פויגלען צעזונגען
גלייך צום שטראָמיקן
וואסער אראָפ,
א גליאיק פארשטאנד
פאר גלוסטעניש...

האבן זיי ביידע
אין פארנאכטן
צווישן וואסער און וואלד געגלים
און געגלוסטיקט...

זאפטיקייטן
פון דער ערד,
האבן זיך שיעור נים
ארייגעגאסן
אין זייערע לייבער,
ווי אין אלע גרינע
וואַלדיקייטן...

ניט געדענקט
האבן זיי ביידע,
אז דא אין וואלד
האבן שוין צוויי —
פאר זיי
געשפאנט,
און ערגעץ א־ן שריק
ארויסגעשפאַנט...

ניט געדענקט
האבן זיי ביידע,
אז זיי טרעטן
אויף שפּורן פאַרוואַנקענע,
וואָס אלעמאל
אינם אמאָל
האבן צוויי אנדערע
איבערגעלאזט...

פעלדזן
האבן צוגעזען אלץ,
און טרויעריק פארבליקט
ערגעץ אהין,
ווו דאס וואסער און וואלד
ענדיקט זיך...

נאר די צוויי
האבן ניט געוווּסט
וואָס עס קומט דאָרט
אין דער הויך פאָר,
איבער די בלויענישן,
ווו די פעלדזן
בליקן...

זיינען זיי געגאנגען

צווישן וואסער און וואלד
אזוי לאנג,
ביז זיי זיינען ארויסגעגיין
פון דעם וועג..

א בליק
האבן זיי געמאָן צעשראָקן
אויף צוריק,
און נים געזען מערער
דעם וועג
צווישן וואסער און וואלד..

חשכות
האם גלייכגילמיק
דורכגעשפאנם
צווישן זיי ביידע
און ז'האבן גענומען
ערגעץ זינקען — — —
— — — — — — — —

דארם, צווישן וואסער און וואלד
וואָס איז געלם געווען,
זיינען צוויי אנדערע
געוואַקסן ארייננעקומען
אין באגינען...

# אויפגאנג

א שלאנקע,
בלוי־אויגיקע
װעשערין
שטייט ביי א װאסער,
און װאשט פאר מיר אויס
שטיקער בלוי
פון דער נאכט...

זי ציכטיקט זיי אויס
אין קרישטאָלענעם שטיין
װאָס לעם איר,
און איך נעם
פון איר האנט
די געװאַשענע בלוי,
און פארשפרייט
אויף א בארג,
װו זי שטייגט
מיט מיר אויף
מיט א יונגן
געלעכטער...

# כ'וואלט געוואלט *)

כ'וואָלט געוואָלט
מיט דיר זיצן
ביי א קוואַליקן וואַסער
שטאָק־נאכט,
אדער ערב־באגינען...

אונדזערע באָרוועסע פיס
זאלן שטיל
אונטער די וועלן
זיך אָנרירן...

שטיפעריש־ליב
וואָלט דאס קוואַליקע וואַסער
אונדז געשטיפעט
די פינגער...

ס'וואָלט א פישל
צווישן אונדזערע פיס
אין דער טונקל
פארפליוכט
און אנטלאפן...

אלע מאל,
כ'ווייס ניט וואָס,
טוט א צאַפּל אין מיר
עפעס שטיפעריש־שטיל
און פארבענקט...

---

*) געשריבן 1939 .

# די בענקשאפט

אראָפּגעפאלן
אין די בענקשאפט
פון די הימלען,
וו זי האט שטענדיק
ארומגעבלאָנדזשעט
און איינזאמע
צווישן די אויסגעבערגטע
בלויענישן
ווו הינטן
אין אזוינע זילבערנע טייכן
באָדן זיך
די מלכימלעך לוסטיקע
אין שעה
פון שקיעה...

דאָ אויף דער ערד,
האט זי זיך באגעגנט
מיטן טרויער,
און אין זיינע שווארצע
און פארטרערטע אויגן
זיך איינגעליבט...

אין א שטילער
און פארטראכטער
זומער-נאַכט,
האט זי זיך באהעפט
מיט אים
אויף די פעלדער,

און א פארציטערטער
האט ער זי א נאקעטע
געדריקט
צו זיין טונקלעניש...

זי האט געפילט
אזוא לייד־נשאפט
צו זיין פאראייגנזאמטן
קערפער,
אז אלע פעלדער
האט זי געמאכט
פאר אירע בעטן,
און אויך אין הארבסט,
ווען ס'רעגנט,
בלייבט זי
ביינאכט מיט אים
אין די דאזיקע
נאסע בעטן,
א צערטלעכע
און אומעטיקע...

# די טייכן

דווקא
די טייכן די שטילע,
וואָס ברומען ניט
אין זייער תאווה
ווי דער ים,
זיינען אפילו
די גליקלעכסטע
פון די נאענטסטע
צו די פרויען
מענער...

די שענסטע און די יונגסטע
פון די פרויען
קומען זיך באָדן
אין די טייכן,
און דווקא זייערע שטילע
און אויפן בליק
באשיידענע וועלן,
טוליען זיך
און גלעטן
זייערע נאקעטע קערפערס
אין יעדן אָרט
ווו זיי ווילן...

אויך די פּופּצניאָרעדיקע קליינע,
וואָס אלע מענער
לויפן איר שוין נאך,

און זי שטעקט יעדערן
אָפּ א פייג,
קומט איך צום שטילן וואסער
און פארטרויט
איר נאך פון קיינעם
ניט באהערשטן לייב
די וועלן...

כאָטש זיי קריכן אויף די פרויען
און פארשלינגען אלעמאל
אין זיך דורשטיק
דעם תאנהג,
זעען זיי שטענדיק אוים
אלעמען
ווי אומשולדיקע,
און אויך די פרויען
באמערקן ניט
איף זיי קיין תאוה,
און גייען ארום צווישן זיי,
זיך פארגעסנדיק,
אז זיי זיינען אינגאנצן
נאקעט...

דעם טאג
זיינען די וועלן
מערער עראָטיש,
און ביינאכט,
אין קעגנזאַץ צו מענטשן,
רוען זיי איין אליין
פארבענקט
און זעען אוים
ראָמאַנטיש...

און דערפאר

שפּיגלען זיך
פאַרנאַכט
אָפּ די וועלדער
און די פעלדזן
אין די טייכן,
און שטייען פאַרטראַכט
די גאַנצע נאַכט
אין פאַרבליבענעם
חלום...

# גאט און די ערדישע צדיקים

אלט ווערט מען
פון זינד
און פון מצוות
אויף דער ערד...

די זקנים
וואָס קומען אין גן־עדן,
בלייבן שוין דארטן ווי זיי זיינע
ערדישע זקנים,
און ווערן נים הימליש־עלטער..

די יאַרטווייזנטער פליען דארט,
און זיי זיינען מער נים אלט
ווי זיבעציק און אכציק,
און ביי דער אייביקייט
זעען זיי אוים
ווי גרייזע יינגלעך...

און כאָטש דער הימל איז דארט בלוי,
און א גאנץ מעת־לעת
ראָמאַנטיש,
טראגן זיי נאך אלץ
די פיינע דערמאנונגען
פון א שמעק־טאבעק
אין ענגן שולכל,
און דערמאנען ואפילו נים
מיט קיין שאָרך פון דער צינג:
זייערע צניעות,

וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט
קיין קוש געטאָן...

נאָר אָבער אליין
ווייסט ניט
פון קיין ערדישן עלטער ווערן...

יאַרמוליזנטער
פאַרוויינען אויף אים ניט
קיין קנייטש,
און ער איז יונג
ווי די הימלען
וואָס בלויען
אין באַלזאַם
פון דער אייביקייט...

הערשט עפּעס ניט
קיין אינטימקייט
און האַרץ־אייניקייט
צווישן גאָט,
און די אַלט־געוואָרענע
אויף דער ערד
צדיקים...

אַלעמאָל פאַרטראַכט ער זיך,
און איז זיך ניט מוחל,
וואָס ער האָט די ערד
אַזוי ווייט
אַוועקגערוקט
פון די הימלען,
אַז זיינע ליבער
זאָלן עפּעס מאָדנע ווערן
אין זייער פאַרוואָרפעניש...

חרטה
האט ער דאן,
וואָס ער שווייגט טויזנטיאָריק,
אבער די שטארבער
אויף דער ערד
שטייגן צו אים
נאך
און נאך
מיט זייערע הויפנס
פארהייליקטע דינים,
און ער פארלירט זיך אלעמאל
צווישן אָט די הייליקע
אבער הארבע גיפים...

# גאט־גלוסטעניש

לאנגווייליק
איז געוואָרן גאָט
אין זיין אַליינינקייט,
און ס'איז אים
שטיקנדיק געוואָרן
די לופט
פון אונטער
די זיבן הימלען...

פארבענקט
האט זיך זיין זעל
נאך דיין ערדיש
געשטאלט,
און ער האט דעם ווינט
געשיקט,
ער זאל אים ברענגען
דעם דופט
פון דיינע האָר
צום שמעקן...

און ווען דער ווינט
האט אים געבראכט
דעם ריח
פון דיינע געקרויזטע
לאָקן,
האט ער שוין מער
ניט געקאנט
איינזיצן

אויף זיין שטול,
און זיך געווענדעט
צו דער בלוי
פון דער נאכט,
זי זאָל אריינדרינגען
דורך דיין אָפענעם
פענצטער
אין דיין בעט,
און אים אריבערטראגן
פון דיין לייב
באַטיש די ציפּעדיקע וואָרעם...

און ווען די נאַכט־בלוי
אין צוריק־וועג
איז שוין געווען גאַנץ
אונטער די הימלען,
האט ער דערשפּירט שוין
מיט אַזאַ איינזאַמער
גלוסטעניש
דעם ריח,
אַז ער האט
א פאַל געטאָן
אונטער די הימלען
צו דער ערדישער
נאכט־ארעאָפּ...

— — — — — —

פון דעמאָלט
בלאָנדזשעט ער שוין
ביינאכט
איין אליין
אונטער דיינע פענצטער,
און די אייביקע
זוקנים
אין גן־עדן
זיינען אין שרעק...

# אינהאלט:

יונגקייט